# שול־ביבליאטעק

№ 12

ל. אַנדרייעוו

# א הונט.

## פּעטקא אויף זומער־ווױנונג



פארלאג
„קולטור־ליגע"
ווארשע.

# שול-ביבליאטעק

№ 12

ל. אַנדרייעוו

# א הונט.

## פּעטקא אויף זומער-וואוינונג

יידיש

ד. האָפּשטיין.

פאַרלאַג
„קולטור-ליגע"
וואַרשע.

# אָ הונט.

## א.

ער איז קיינעמס נישט געווען. ער האָט ניט געהאַט קיין אייגענעם נאָמען, קיינער וואָלט ניט געקאָנט זאָגן, מיט וואָס האָט ער זיך געשפּייזט און ווּ פלעגט ער זיך אַהינטאָן אינם לאַנגן פּראָסטיקן ווינטער.

פון ווארעמע הייזער האָבן אים אָפּגעטריבן די הויף־הינט, אויך אַזעלכע הונגעריקע, ווי ער, נאָר זיי זיינען גע־ווען שטאַלץ און שטאַרק דערמיט, וואָס זיי געהערן צום הויז. אַז דער הונגער פלעגט אים צווינגען זיך צו באַווייזן אויף דער גאַס, האָבן קינדער אים מיט שטיינער און מיט שטעקנס באַוואָרפן, עלטערע האָבן אויפגעהויבן אַ פרייליכן הו־הא און אַזאַ שרעקלעך פייפעריי, אַז עס פלעגט אים דורכנעמען דורך און דורך. פון פּחד האָט ער זיך אינגאַנצן פאַרלוירן, געוואָרפן זיך פון איין זייט אין די אַנדערע, זיך אָנגעשטויסן אין פלויטן און אין מענטשן און אַוועק אין עק ישוב. ער האָט זיך באַהאַלטן אין דער טיפעניש פון אַ גרויסן סאָד, אין אַן אָרט, וואָס איז נאָר אים געווען באַוווּסט.

דאָרט האָט ער די ביילן און די ווונדן פאַרלעקט, און אין איינזאַמקייט געקליבן האַס.

נאָר איין מאָל האָט מען אויף אים רחמנות געהאַט. דאָס איז געווען אַ גוי — אַ שכור, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון שענק. ער האָט אַלעמען ליב געהאַט. אויף אַלעמען געהאַט מיטלייד און זיך עפּעס געמורמלט אונטער דער נאָז; האָט ער רחמנות געקראָגן אויך אויף דעם שמוציקן הונט, אויף וועלכן ס'איז צופעליק געפאַלן זיין שכורער בליק.

— זשוקל! — האָט ער אים אַ רוף געטאָן מיט אַ נאָמען, וואָס איז אַלגעמיין פאַר אַלע הינט.

— זשוקל, קום אַהער, האָב קיין מורא ניט!

דעם הונט האָט זיך זייער געגלוסט צוגיין, ער האָט געדרייט מיטן עק, נאָר האָט זיך ניט דערוועגן. דער גוי האָט זיך געפּאַטשט מיט דער האַנט איבער דער קני און איבערגעחזרט:

—קום, נאַר איינער, אויף מיין וואָרט, כ'וועל דיך ניט אָנרירן.

נאָר ביז דער הונט האָט זיך געקווענקלט און אַלץ האַסטיקער געדרייט מיטן עק און זיך נענטער גערוקט מיט קליינע שריט, האָט זיך דאָס געמיט ביים שכורן געענדערט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן אַלע באַליידיקונגען, וואָס ער האָט אַמאָל פון די מענטשן געליטן און ס'איז אים געוואָרן לאַנגווייליק; דער הונט האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פאַר אים אויפן רוקן, האָט דער שכור מיטן גאַנצן כוח אין דער זייט אים אַ שטופּ געטאָן מיטן שפּיץ פון זיין שווערן שטיוול.

— הו-הו, מיאוס באַשעפעניש, קריכט אויך!

דער הונט האָט אַ קוויטש געטאָן, מער פון אומדערוואַרטקייט און באַליידיקונג, ווי פון ווייטאָק.

פון דעמאָלט אָן האָט דער הונט נישט געטרויט די מענטשן, וואָס האָבן אים געוואָלט מקרב זיין. ער פלעגט באַ-

האַלטן דעם עק און אַנטלויפן. אַמאָל פלעגט ער אָנפאַלן און פּרוּוון אַביס טאָן.

אויף איינעם אַ ווינטער האָט ער זיך באַזעצט אונטער דער וועראַנדע פון אַ פוסטער זומער־וווינונג און זי טריי גע־היט: בײנאַכט אַרויסגעלאָפן אויפן וועג און געבילט, ביז ער איז הייזעריק געוואָרן. שוין ליגנדיק אויף זיין אָרט, פלעגט ער נאָך בייז וואָרטשען, נאָר אין אָט דער בייזקייט פלעגט זיך שפּירן עפּעס אַ צופרידנקייט מיט זיך און אַפילו אַ שטאָלצקייט.

די ווינטערדיקע נאַכט האָט זיך לאַנג־לאַנג געצויגן און די שוואַרצע פענסטער פון דער פוסטער זומער־וווינונג האָבן מיט אומעט געקוקט אויפן פאַרשנייטן סאָד. אַמאָל פלעגט אין די פענסטער אַ פינקל טאָן עפּעס אַ בלוילעך פיי־ערל: דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אינם גלאָז אַן אַראָפּגעפאַ־לענער שטערן, אָדער אַ שאַרפער האָרן פון דער לבנה האָט געשיקט אַהער אַ שעמעוודיקן שטראַל.

ב.

ס'איז אָנגעקומען דער פרילינג. די שטילע זומער־ווויי־נונג איז פול געוואָרן מיט אַ גערעדעריי, מיט אַ סקריפּ פון וואָגנס און מיט אַ שווערן טאָפּטשען פון מענטשן, וואָס טראָגן איבער משאות. פון שטאָט זיינען געקומען דאַטשני־קעס: דערוואַקסענע, יונגוואַרג און קינדער. אַלע זיינען גע־ווען פאַרשכּורט פון לופט, פון וואַרעמקייט און פון שיין: מ'האָט געלאַכט, געזונגען און גלאַט אַזוי געשריגן.

די ערשטע, מיט וועמען דער הונט האָט זיך באַקענט, איז געווען אַ שיינינק מיידל אין אַ ברוין גימנאַזיסטיש קלייד. זי איז אַרויסגעלאָפן אין סאָד, גייגעריק און אומגעדול־

דיק אַ קוק געטאָן אויפן קלאָרן הימל, אויף די רויטלעכע צווייגן פון די ווייַנשלבּיימער. פלוצים האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן גראָז מיטן פּנים צו דער הייסער זון. פּונקט אַזוי פלוצים האָט זי זיך דערנאָך אויפגעהויבן, זיך אַרומגענומען מיט די הענט און קושנדיק מיט די ליפּן די פרישע לופט, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— אָט דאָס הייסט פרייַלעך!...

אַ זאָג געטאָן און זיך אָנגעהויבן געשווינט דרייען. און אין דער זעלבער מינוט האָט דער הונט זיך שטילערהייט אונטערגעגנבעט און זיך איינגעביסן מיט די ציין אין דעם זוים פונם צעבלאָזענעם קליידל, אַ ריס געטאָן און ווי פריִער שטיל פאַרשוווּנדן געוואָרן אין די געדיכטע קוסטעס פון אַגרעסן און וויינפּערלעך.

— אוי, אַ בייזער הונט! — האָט אַנטלויפנדיק דאָס מיידל אויסגעשריגן און נאָך לאַנג האָט זיך געהערט איר אויפגערעגט קול:

— מאַמע, קינדער! גייט ניט אין סאָד אַריין: דאָרט איז אַ הונט! אַ גרויסער, אַ בייזער!

ביינאַכט, אַז די זומער־וווינונג איז אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט דער הונט זיך אונטערגעגנבעט און אָן אַ פּיפּס זיך אַנידערגעלייגט אויף זיין אָרט אונטער דער וועראַנדע. ס'האָט געשמעקט מיט מענטשן, און פון די אָפענע פענסטער האָט זיך געהערט זייער שטילער און רויִקער אָטעם. די מענטשן זיינען געשלאָפן, געווען אָנמעכטיק און גאָר ניט שרעקלעך, און דער הונט האָט זיי טריי באַהיט, געשלאָפן מיט איין אויג און ביי יעדן שאָרך אויסגעצויגן דעם קאָפּ מיט אַ פּאָר פייערלעך אין די אָנגעשטעלטע לייכטנדיקע אויגן.

און אַזוי פיל אומרויִקער טומל איז געווען אין דער

שטילער פרילינגס־נאַכט: אינם גראָז האָט געשאָרכעט עפּעס אַ פאַרזעעניש און זיך אונטערגעקליבן אַזש ביז דעם הונטס גלאַנציקער נאָז. ס׳האָט געקנאַקט אַ פאַראַיאָריק צווייגל ערגעץ אונטער אַן איינגעשלאָפענעם פויגל. אויפן נאָנטן שאָסיי האָט אַ וואָגן הילכיק געקלאַפּט און ס׳האָבן געסקריפּעט אָנגעלאָדענע פורן. און ווייט אַרום אין דער באַרויִקטער לופט האָט זיך געשפרייט דער ריח פון געשמאַקן פרישן דזעגעכץ און ס׳האָט געצויגן אַהין אין דער ווייטקייט, וואָס איז ביסלעכווייז געוואָרן אַלץ העלער און העלער.

די אָנגעקומענע דאַטשניקעס זיינען געווען זייער גוטע מענטשן; דאָס, וואָס זיי זיינען געווען ווייט פון דער שטאָט, האָבן געעטעמט מיט ריינער לופט, און אַרום זיך געזען אַלץ גרינס, בלויס און אומשולדיקס, האָט זיי געמאַכט נאָך ווילער.

דעם הונט, וואָס האָט זיי אָנגעשראָקן, האָבן זיי פון אָנהויב געוואָלט פאַרטרייבן און אַפילו שיסן. נאָר דערנאָך האָבן זיי זיך צוגעוויינט צום בילן ביינאַכט און פלעגן אייַדערפרי זיך אַמאָל דערמאָנען:

— און ווו איז דאָס אונזער זשוקל?

און דער נייער נאָמען „זשוקל" איז אַזוי ביי אים פאַרבליבן.

עס פלעגט זיך שוין טרעפן, אַז אויך בייטאָג האָט דורך די קוסטעס דעם הונטס קערפּער זיך באַוויזן, נאָר קוים האָט זיך אויפגעהויבן אַ האַנט, וואָס האָט געוואָרפן אַ שטיקל ברויט, פלעגט דער הונט באַלד ניט בלייבן — גלייך, ווי ס׳וואָלט געווען ניט קיין ברויט נאָר אַ שטיין—און אַלע האָבן זיך צו אים צוגעוויינט, גערופן אים „אונזער הונט" און אויסגעלאַכט זיין ווילדקייט און זיין אומזיסטיקן פּחד.

מיט יעדן טאָג האָט דער הונט קלענער געמאַכט אויף

אַ שפּאַן דעם מהלך, וואָס האָט אים אָפּגעטיילט פון מענטשן, ער האָט זיך צוגעקוקט צו זייערע פּנימער, האָט איבערגענו־מען זייערע גענג; אַ האַלבע שעה פאַר מיטאָג איז ער שוין געשטאַנען אין די קוסטעס און פריינטלעך געפינטלט מיט די אויגן. און די זעלבע גימנאַזיסטין ליאַליע, וועלכע ער האָט אַמאָל דאָס קלייד צעריסן, האָט אים איינמאָל פאַר אַלע מאָל אריינגעפירט אין גליקלעכן קרייז פון מענטשן, וואָס רוען זיך אָפּ און טוען זיך אָן פאַרגעניגן.

— זשוקל, קום צו מיר — האָט זי אים צו זיך גערופן — נו, גוטינקער, נו, ווילינקער, קום! צוקער ווילסטו?... כ'וועל דיר געבן צוקער, ווילסט? נו, קום זשע!

נאָר דער הונט איז ניט געגאַנגען: ער האָט מורא גע־האַט. און ליאַליע האָט אַלץ געפּאַטשט מיט די הענט און מיט מילדע רייד זיך גענטער גערוקט צום הונט און אַליין מורא געהאַט: טאָמער וועט ער פּלוצים אַ בים טאָן.

— כ'האָב דיך ליב, זשוקל, כ'האָב דיך זייער ליב, האָסט אַזאַ שיין נעזעלע און אַזעלכע קלוגע אייגעלעך, גלויבסט מיר ניט, זשוקל?

די ברעמען ביי ליאַליען האָבן זיך אויפגעהויבן; ביי איר אַליין איז אויך געווען אַ שיין נעזעלע און אַזעלכע רעדעוודיקע אויגן, און די זון האָט זיי הייס געקושט, ביז איר חנעוודיק פּנימל איז אינגאַנצן רויט געוואָרן.

און דער הונט האָט דאָס צווייטע מאָל אין זיין לעבן אויפן רוקן זיך איבערגעקערט און פאַרמאַכט די אויגן, און ניט געוווּסט אויף זיכער, צי מ'וועט אים געבן אַ קלאַפּ, צי אַ גלעט טאָן. נאָר מ'האָט אים אַ גלעט געטאָן. אַ קליין וואַ־רעם הענטל האָט זיך אומזיכער צוגערירט צו זיין שאָרסט־קער קאָפּ.

ליאָליע האָט דערפילט, אַז מיט דעם ריר האָט זי באַקומען מאַכט איבערן הונט און איר האַנט האָט אָנגעהויבן אַרומלויפן איבערן גאַנצן האָריקן קערפּער, אים צופּן, גלעטן און קיצלען.

— מאַמע, קינדער! גיט אַ קוק: איך גלעט זשוקלען — האָט ליאָליע אויסגעשריגן.

אַז ס'זיינען געקומען צו לויפן די קינדער, רוישיקע רי[illegible]יקע און ליכטיקע, ווי טראָפּנדלעך קוועקזילבער, איז דער הונט פאַרציטערט געוואָרן פון מורא און אומבאַהאָלפענעם וואַרטן: ער האָט געוווּסט, אַז אויב מ'וועט אים איצט אַ קלאַפּ טאָן, וועט ער שוין קיין כּוח ניט האָבן זיך איינבייסן מיט זיינע שאַרפע ציין אין קערפּער פונם באַליידיקער. ס'איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרן זיין טיף פאַרבאַהאַלטענער כּעס, נאָר אַז אַלע האָבן אים איינס פאַרן אַנדערן אָנגעהויבן גלעטן, האָט ער נאָך לאַנג געציטערט אונטער די גלעטנדיקע הענט און ווי פון אַ קלאַפּ געפילט אַ ווייטאָק פון יעדן אומגעוויינלעכן צוריר.

## ג.

און דער הונט האָט אָנגעהויבן לעבן אַ גוטן טאָג: ער האָט געהאַט אַ נאָמען. אַז ער פלעגט אים דערהערן, האָט ער זיך געטראָגן פייל אויס בויגן פון דער גריִנער טיפעניש פון סאָד; ער האָט געהערט צו מענטשן און האָט זיי געקאָנט דינען. וואָס דאַרף אַ הונט נאָך מער האָבן אויף גליקלעך צו זיין!

יאָרן פון הונגעריקן לעבן האָבן אים צוגעוויינט צו באַנוגענען זיך מיט אַבי־וואָס און ער האָט אויך איצט געגעסן גאָר ווייניק, נאָר דאָס האָט אים אַזוי איבערגעאַנדערשט, אַז

ס'איז שווער געווען אים צו דערקענען: די לאַנגע האָר, וואָס זײַנען פריִער געהאַנגען אין געלע פּאַטלעס און וואָס זיינען אויפן בויך שטענדיק געווען באַדעקט מיט פּאַרטרוקנ-טער בלאָטע, זיינען געוואָרן ריין, שוואַרץ און אָנגעהויבן גלאַנצן, ווי אַטלאַס. און ווען ער פלעגט גלאַט אַזוי זיך אַרויסלויפן צום טויער, זיך אַוועקשטעלן ביי דער שוועל און מיט ווירדע באַטראַכטן די גאַס אין ביידע זייטן, איז שוין קיינעם אין זינען ניט אַריין אים צו רייצן, אָדער אים וואַרפן אַ שטיין. נאָר אַזאַ שטאָלצקייט האָט ער אין זיך געפילט נאָר דעמאָלט, ווען ער איז געווען איינער אַליין.

דער פחד איז נאָך ניט אינגאַנצן פאַרשווונדן געוואָרן פון זיין האַרצן. און יעדעס מאָל, ווען מענטשן פלעגן זיך צו אים דערנענטערן, פלעגט ער זיך פאַרלירן און וואַרטן אויף קלעפּ. און לאַנג נאָך איז יעדער גלעט געווען פאַר אים אַן אומגעוואַרטע זאַך, עפּעס אַ נס, וועלכן ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין און אויף וועלכן ער האָט ניט געקאָנט געבן קיין ענטפער -- ער האָט ניט געקענט קיין הינטישע שטיק.

אַנדערע הינט קאָנען זיך שטעלן אויף די הינטערשטע פיס, זיך רייבן ביי די קני און אַפילו שמייכלען און דערמיט אויסדריקן זייערע געפילן, נאָר ער האָט דאָס ניט געקאָנט. דאָס איינציקע, וואָס ער האָט יאָ געקאָנט, איז געווען אָט וואָס: ער פלעגט אַ פאַל טאָן אויפן רוקן, פאַרמאַכן די אויגן און שטיל, שטיל קוויטשען.

נאָר דאָס האָט גאָר ניט געקאָנט אויסדריקן זיין גאַנצע פרייד, זיין דאַנקבאַרקייט און ליבע, — און ער האָט אָנגע-הויבן טאָן דאָס, וואָס ער האָט, מעגלעך, אַמאָל געזען ביי אַנדערע הינט, נאָר שוין פון לאַנג עס פאַרגעסן. ער האָט זיך משונהדיק געבראָכן, אומגעשיקט אַרומגעשפּרונגען און

זיך געדרייט אַרום זיך. און זיין קערפּער, וואָס איז שטענדיק געווען אַזוי בּויגעוודיק און רירעוודיק, איז געוואָרן שווער, לעבערלעך און אומבּאַהאָלפן.

— מאַמע, קינדער, זשוקל שפּילט זיך! — האָט ליאָליע געשריגן. זי האָט ניט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם פאַר געלעכ־טער, און האָט געבּעטן:

— נאָך, זשוקעלע נאָך! אָט אַזוי, אָט אַזוי...

אַלע האָבּן זיך צונויפגעקליבן און געלאַכט, און דער הונט האָט זיך געדרייט, זיך געבּראָכן און געפאַלן, און קיי־נער האָט ניט געזען אין זיינע אויגן זיין שטילן טרויער. און פּונקט אַזוי ווי מ'פלעגט פריער אויפן הונט שרייען, כדי אָנקוקן זיין שרעקלעכן פּחד, אַזוי האָט מען איצט אים או־מיסטן געגלעט, כדי אַרויסצורופן ביי אים זיין ליבּע, וועלכע ער בּאַווייזט אַרויס אַזוי משונהדיק און אומגעלומפּערט. ס'פלעגט קיין שעה ניט אַוועקגיין, אַז עמעצער פון די עלטע־רע אָדער פון די קינדער זאָל ניט אויסרופן:

— זשוקל, ליבּינקער זשוקעלע, שפּיל זיך אַ ביסל!

און דער הונט האָט זיך געדרייט, געבּראָכן און אַרום אים האָט געהילכט אַ פריילעכער געלעכטער. מ'האָט אים גע־לויבּט אין די אויגן און אונטער די אויגן און בּאַדויערט נאָך דעם, וואָס פאַר זייטיקע מענטשן, פאַר געסט, האָט ער ניט געוואָלט בּאַווייזן זיינע שטיק און פלעגט אַנטלויפן אין סאָד, אָדער זיך בּאַהאַלטן אונטער דער וועראַנדע.

בּיסלעכווייז האָט זיך דער הונט צוגעוויינט צו דעם, אַז וועגן עסן דאַרף מען זיך ניט זאָרגן, ווייל אין אַ בּאַשטימטער שעה וועט אים די קעכין געבּן שווענק־וואַסער און בּיינער. ער פלעגט זיך רויִק ליגן אונטער דער טעראַסע און אָפּט זוכן, בּעטן מ'זאָל זיך מיט אים פאַרנעמען.

ער איז געוואָרן שווערער, פלעגט זעלטן אַרויסלויפן פון דער זומער־וווינונג און אַז די קליינע קינדער פלעגן אים רופן מיט זיך אין וואַלד אַריין, האָט ער זיך אַרויסגעדרייט און פלעגט אומבאַמערקט ניט בלייבן. נאָר ביינאַכט איז נאָך אַלץ געווען הויך און וואַכנדיק זיין שומריש בילן.

ד.

דער האַרבסט האָט זיך צעפלאַמט מיט געלע פייערן, דער הימל האָט זיך צעוויינט מיט געדיכטע אָפטע רעגנס, און די ווילעס האָבן אָנגעהויבן ווערן פוסט און שטיל. דער אומויפהערנדיקער רעגן און דער ווינט האָבן זיי ווי ליכט אויסגעלאָשן איינס נאָכן אַנדערן.

— וואָס זשע וועלן מיר טאָן מיט זשוקלען? — האָט פאַרטראַכט געפרעגט ליאָליע. זי איז געזעסן, מיט די הענט די קני אַרומגענומען און האָט טרויעריק געקוקט אין פענסטער, איבער וועלכן ס'האָבן זיך בלישטשענדיקע רעגן־טראָפנס געקייקלט.

— ווי אַזוי זיצסטו, ליאָליע? — האָט די מוטער געזאָגט און באַלד צוגעגעבן:

— און זשוקלען וועט מען מוזן איבערלאָזן, מילא!

— ס'טוט מיר באַ־אַנג! — האָט אויסגעצויגן ליאָליע.

— נו, וואָס קאָן מען העלפן? קיין הויף האָבן מיר ניט און אין שטוב אים האַלטן קאָן מען ניט, פאַרשטייסט דאָך עס אַליין!

— ס'טוט מיר באַ־אַנג! — האָט ליאָליע איבערגעחזרט, שוין גרייט זיך צעוויינען. אירע טונקעלע ברעמען האָבן זיך שוין אונטערגעהויבן, ווי די פליגעלעך פון אַ שווּעלבעלע,

און איר שיין נעזעלע האָט זיך רחמנותדיק פאַרקנייטשט.
און די מוטער האָט צוגעגעבן:

— די שכנים אונזערע האָבן מיר שוין לאַנג פאָרגע-לייגט אַ הינטל, זייער אַ גוט הינטל, זאָגן זיי. און עס קאָן שוין שטיין אויף די הינטערשטע פיס. דו הערסט וואָס איך זאָג דיר? און זשוקל איז אַ פּראָסטער הונט.

— ס'טוט מיר באַנג! — האָט איבערגעחזרט ליאָליע, און האָט זיך שיִער ניט צעוויינט.

ס'זיינען איבעראַנייס געקומען אומבאַקאַנטע מענטשן, ס'האָבן אָנגעהויבן סקריפּען די וואָגנס און די פּאָדלאָגע-ברע-טער האָבן אָנגעהויבן קרעכצן אונטער די שווערע טריט; נאָר גערעדט האָט מען ווייניקער און קיין געלעכטער האָט מען גאָר אינגאַנצן ניט געהערט. דער הונט האָט זיך דער-שראָקן פאַר די פרעמדע מענטשן, ער האָט דערפילט אין אומרו דעם אומגליק און איז אַוועק אין עק סאָד. פון דאָרטן האָט ער אָן אַן אויפהער געקוקט דורך די שיטערע קוסטעס אויפן ווינקל פון דער וועראַנדע, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען.

אָט איז ליאָליע אַרויסגעגאַנגען.

— דו ביסט דאָ, מיין אָרעם הינטל, — האָט זי אַ זאָג געטאָן. — זי איז שוין געווען אָנגעטאָן, ווי אין וועג אַריין — אין יענעם צימרינג-פאַרביקן קלייד, פון וועלכן זשוקל האָט אַ שטיק געהאַט אָפּגעריסן, און אין אַ שוואַרץ רעקל.

— קום מיט מיר! — האָט זי צוגעגעבן.

און זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אויפן שאָסיי. דער רעגן האָט אָנגעהויבן און אויפגעהערט און דער גאַנצער רוים צווישן דער שוואַרצער ערד און דעם הימל איז פול געווען מיט קנוילן פון לויפנדיקע כמאַרעס. זיי זיינען געווען שווע-רע פונם וואַסער, וואָס זיי האָבן אין זיך איינגעזאַפּט.

אויף דער לינקער זייט פון שאָסיי האָט זיך געצויגן אַ טונקעלע סטערניע און נאָר אויפן נאָנטן האָריזאָנט איז געשטאַנען אַן איינזאַמער הויפן פון נידעריקע ביימער און קוסטעס.

אַ שטראַל פון דער זון האָט זיך דורכגעריסן — אַ געלער און אָנמעכטיקער — און ברייטער איז געוואָרן די נעפּלדיקע האַרבסטיקע ווייטקייט.

— אומעטיק זשוקל, — האָט ליאָליע שטיל געזאָגט, און, זיך ניט אומקוקנדיק, אַוועקגעגאַן צוריק...

... ערשט אויפן וואָקזאַל האָט זי זיך דערמאַנט, אַז זי האָט זיך ניט געזעגנט מיט זשוקלען.

ה.

דער הונט האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך די טריט פון די אַוועקגעפאָרענע מענטשן, איז צוגעלאָפן ביזן וואָקזאַל, און אַ דורכגענעצטער און שמוציקער, האָט ער זיך אומגעקערט אויף דער זומער-וווינונג. דאָרט האָט ער געמאַכט נאָך אַ בייע קונץ, נאָר קיינער האָט אים שוין ניט געזען: צום ערשטן מאָל איז ער אַרויף אויף דער וועראַנדע, זיך אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע לאַפּעס, אַ קוק געטאָן אין דער גלעזערנער טיר און האָט אַפילו אַ דראַפּע געטאָן מיט די נעגל. נאָר אין די צימערן איז געווען פּוסט און קיינער האָט אים ניט געענטפערט.

ס'האָט אָנגעהויבן גיין אַ רעגן, און פון אומעטום האָט זיך גענומען אָנרוקן דאָס פינסטערניש פון דער לאַנגער האַרבסטיקער נאַכט. דאָס פינסטערניש האָט געשווינט אָנגעפילט די פּוסטע ווילע. אויף דער וועראַנדע, פון וועלכער מ'האָט אַראָפּגענומען די לייוונטענע פאָרהאַנגען, האָט דאָס ליכט זיך נאָך לאַנג געראַנגלט מיטן פינסטערניש.

ס'איז שוין מער קיין ספק ניט געווען, אַז ס'איז נאַכט. און דער הונט האָט קלאָגלעך און הויך אָנגעהויבן הוילן. און דאָס הוילן האָט זיך אַריינגעריסן אין ברוגזדיקן גערויש פונם רעגן, דורכגעשניטן דאָס פינסטערניש און, אויסגייענ־דיק, האָט דאָס זיך צעטראָגן איבערן פוסטן פעלד.

דער הונט האָט געהוילט לאַנג און פאַרעקשנט, און ווער ס'האָט געהערט דאָס הוילן, דעם האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס קרעכצט און רייסט זיך צום ליכט די פינסטערע נאַכט, און ס'האָט זיך אים געגלוסט אין דער וואַרעם, צום העלן פייער, צו ליבע מענטשן.



# פּעטקאַ אויף זומער־ווױנונג.

אָסיפּ אַבראַמאָוויטש, אַ פריזירער, האָט אויסגעגלייכט דאָס שמוציקע לײַלעכל אויף דער ברוסט פונם גאַסט און, ווי אָפּגעהאַקט, אַ געשריי געטאָן:

— יאַט, וואַסער!

דער גאַסט האָט מיט פאַרשפּיצטער אויפמערקזאַמקייט באַטראַכט אין שפּיגל זיין פיזיאָנאָמיע און באַמערקט, אַז ביי אים איז אויפן קין צוגעקומען נאָך אַ פרישטשיקל, ער האָט מיט אומצופרידנקייט אָפּגעקערעוועט די אויגן, און זיין בליק האָט געטראָפן אויף אַ דאַר ייִנגלש הענטל, וואָס האָט זיך פון ערגעץ פון דער זייט געצויגן צום שפּיגל־טישל און דאָרט אַני־דערגעשטעלט אַ בלעכל מיט הייסע וואַסער. אַז דער גאַסט האָט אויפגעהויבן העכער די אויגן האָט ער דערזען דעם פרי־זירערס פּנים. משונהדיק און עפּעס ווי קרום איז דאָס געווען. אויך האָט ער באַמערקט דעם גיכן ברוגזן בליק, וואָס דער פרי־זירער האָט געוואָרפן אַראָפּ אויף עמעצנס קאָפּ און דאָס שטילע באַוועגן פון זיינע ליפּן, וועלכע האָבן ניט דייטלעך, נאָר שאַרף געשעפּטשעט. אַמאָל פלעגט דאָס שעפּטשען ווערן העכער און ס'איז איבערגעגאַנגען אין אַן אומבאַשטימט סטראַשען:

— אָט, וואַרט נאָר אויס!...

דאָס האָט געהייסן, אַז דאָס יינגל האָט ניט גענוג גיך דערלאַנגט די וואַסער, און פאַר אים איז שוין גרייט אַ שטראָף.

— אַזוי קומט זיי טאַקע! — האָט געקלערט דער גאַסט. ער האָט דעם קאָפּ פאַרדרייט אויף אַ זייט און האַרט נעבן זיין נאָז באַקוקט די גרויסע שווייסיקע האַנט, ביי וועלכער דריי פינגער זיינען געווען אָפּגעשטאַנען, און די איבעריקע צוויי, קלעפּיקע און שמעקעדיקע, האָבן זיך גרינג צוגערירט צו דער באַק און צום קין. דער טעמפּיקער גאָלמעסער האָט מיט אַן אומאָנגענעמענעם סקריפּען אַראָפּגענומען די זייפּ־שוים אינאיינעם מיט די האַרטע האָר פון דער באָרד.

דאָס פריזיר־הויז — איז אינגאַנצן געווען דורכגענומען מיט לאַנגווייליקן ריח פון וואָלוועלע בשמים און איז געווען פול מיט איינגעגעסענע פליגן און מיט שמוץ. די געסט, מיי־סטנס שווייצאַרן, אָנגעשטעלטע, באַאַמטע און אַרבעטער, האָבן ניט געשטעלט קיין גרויסע פאָדערונגען.

דער יאַט, אויף וועלכן מע האָט אַזוי אָפט געשריגן, האָט געהייסן פעטקאַ און איז געווען דער קלענסטער פון אַלע, וואָס האָבן געדינט דאָ. דאָס אַנדערע יינגל, ניקאָלקע, איז געווען מיט דריי יאָר עלטער און האָט שוין גיך גע־דאַרפט ווערן אַ געהילף. אויך איצט שוין, אַז עס פלעגט זיך אַריינכאַפּן אַ פּשוטערער „גאַסט", און דער באַלעבאָס איז ניט געווען אין דערהיים, האָבן די געהילפן, וואָס האָבן זיך גע־פוילט צו אַרבעטן, געשיקט ניקאָלקען שערן. זיי פלעגן לאַכן, ווען ער האָט זיך געמוזט שטעלן אויף די שפּיצפינגער, כדי צו קאָנען זען דעם האָריקן נאַקן פון עפּעס אַ געזונטן הויז־וועכטער. אַמאָל פלעגט דער גאַסט ברוגז ווערן, וואָס מע האָט

אים שלעכט אָפּגעשוירן, און אָנהויבן שרייַען; דעמאָלט האָבן די געהילפן אויך געשריגן אויף ניקאָלקען, נאָר ניט אויפדערמאָנען. דאָס האָט זיך געטאָן, כּדי צו צופרידנשטעלן דעם אַרומגעטשיקעטן נפש. אָבער אַזעלכע צופאַלן זיינען געווען זעלטן, און ניקאָלקע האָט זיך גרויס געהאַלטן, ווי אַ דערוואַקסענער: געראויכערט פּאַפּיראָסן, געשפּיגן דורך די ציין, זיך געזידלט מיט מאוסע ווערטער און אויך געטרונקען בראַנפן. (אַזוי האָט ער זיך גערימט פאַר פּעטקאַן, נאָר דאָס ווייזט אויס, האָט ער אַ ליגן געזאָגט). ער פלעגט שוין איינעם מיט די געהילפן לויפן אויף דער שכנישער גאַס אַ קוק צו טאָן, ווי מע שלאָגט זיך. און אַז ער האָט זיך, אַ גליקלעכער, אַ שמייכלדיקער אומגעקערט צוריק, האָט ער געכאַפּט פון אָסיפּ אַבראַמאָוויטשן צוויי פּעטש, צו איינעם אין יעדער באַק.

פּעטקאַ איז אַלט געווען צען יאָר. ער האָט ניט געראויכערט, קיין בראַנפן ניט געטרונקען און ניט געזידלט זיך, כאָטש ער האָט געוווּסט אַ סך מאוסע ווערטער. ער האָט אין אַלע פּרטים מקנא געווען זיין חבר. עס פלעגט זיך מאַכן, אַז אין פּריזיר-הויז איז קיין גאַסט ניט געווען; פּראָקאָפּי, אַ שלעפּעריקער, פאַלט פון די פיס, און טוט זיך אַ וואַלגער הינטערן ווענטל; און מיכאַילאַ לייענט דאָס „מאָסקווער בלעטל", און זוכט צווישן די באַריכטן פון גנבות און גזלות, זוכט ער עמעצנס אַ באַקאַנטן נאָמען פון די שטענדיקע איינגייער פונעם פּריזיר-הויז; דעמאָלט שמועסט פּעטקאַ מיט ניקאָלקען. ווען זיי בלייבן אין צווייען, איז ניקאָלקע בעסער, און ער דערציילט דעם „יאַט", וואָס אַזוינס הייסט אַ „פּאָלקע" אָפּשערן, אַ „איזשאַק" אָדער מיט אַ „שרינט".

אַמאָל פלעגן זיי זיך אַנידערזעצן אויפן פענסטער און קוקן אויפן בולוואַר. דאָס לעבן האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן

פון גאַנץ פרי אָן. די ביימער פונם בולוואַר זיינען געווען גרוי פון שטויב און האָבן געחלשט אונטער דער אומרחמנותדיקער הייסער זון, און דער שאָטן זייערער איז אויך געווען גרוי און האָט ניט געמאַכט קיל; אויף אַלע בענקלעך זיינען געזעסן מאַנסבילן און פרויען, שמוציק און משונהדיק אָנגעטאָן, אָן היטלען און אָן טיכלעך, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך דאָ באַזעצט און קיין אַנדערע וווינונגען ניט געהאַט. צווישן אָט די פּנימער זיינען געווען גלייכגילטיקע, שלעכטע, פאַרדאָרבענע, נאָר אויף אַלע איז געלעגן אַ שטעמפּל פון מידקייט און פון האַס צו אַלעם אַרומיקן. אָפטמאָל האָט עמעצנס אַ צעשויבערטער קאָפּ זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער פּלייצע און דער קערפּער האָט אָן ווילן געזוכט אַן אָרט זיך צוצולייגן. נאָר ווו זיך צוצולייגן איז ניט געווען. אויף די סטעשקעס האָט געשפּאַצירט דער העל־בלויער שומר און האָט אַכטונג געגעבן, עס זאָל זיך קיינער ניט לייגן אויף די בענקלעך אָדער אויפן ברוינגעוואָרענעם, ווייכן און קילן גראָז.

ניקאָלקע האָט געקענט ביים נאָמען אַ סך פון די מענטשן, וואָס זיצן אויפן בולוואַר, פלעגט דערציילן וועגן זיי פּעטקאָן פאַרשיידענע מעשיות און האָט געלאַכט מיטן פולן מויל. און פּעטקאַ פלעגט זיך הידושן, ווי קלוג און געניט איז ניקאָלקע און האָט געקלערט, אַז אַמאָל וועט ער אויך זיין אַזעלכער... נאָר דערווייל האָט ער געוואָלט איבערגיין אויף אַן אַנדער אָרט... אוי, האָט ער געוואָלט!

פּעטקאַס טעג האָבן זיך געצויגן מאָדנע איינאַרטיק און זיינען געווען ענלעך איינער צום צווייטן, ווי צוויי ברידער. זומער און ווינטער האָט ער געזען די זעלבע שפּיגלען: איינעם מיט אַ שפּאַלט, און דעם אַנדערן אַ לעכערדיקן. אויף דער פאַרפלעקטער וואַנט איז געהאַנגען דער זעלבער בליי־

לאָמפּ, וועלכער האָט ווינטער כמעט אַ גאַנצן טאָג געברענט אין די סטעליע איבער אים פלעגט נאָך מער פאַררויכערט ווערן. אינדערפרי און אויפדערנאַכט און דעם גאַנצן לאַנגן טאָג איז איבער פּעטקאַן געהאַנגען דער זעלבער אָפּגעהאַק־טער געשריי: „יאַט, וואַסער״. און ער פלעגט דערלאַנגען, און דערלאַנגען... קיין ימים־טובים זיינען ניט געווען.

זונטאָג, ווען די פענסטער פון די געשעפטן און קלייטן האָבן אויפגעהערט צו באַלייכטן די גאַס, פלעגט דאָס פריזיר־הויז ביז שפּעט אין דערנאַכט וואַרפן אויפן טראָטו־אַר אַ העלן פּאַס פון ליכט, און די פאַרבייגייער האָבן געזען אַ קליינע דאַרע פיגור, איינגעהויקערט אין אַ ווינקל אויף אַ בענקל און פאַרטיפט אין געדאַנקען אָדער אין אַ שווערן דרימל. פּעטקאַ איז געשלאָפן אַ סך, נאָר ס׳האָט זיך אים אַלץ געגלוסט שלאָפן, און אָפטמאָל האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלצדינג אַרום אים איז ניט קיין אמתדיקס, נאָר אַ לאַנ־גער אומאָנגענעמער חלום. ער פלעגט אָפט צעגיסן די וואַסער, אָדער ניט דערהערן דעם אויסגעשריי: „יאַט, וואַסער!״ און איז אַלץ דאַרער געוואָרן. אויפן געשוירענעם קאָפּ זיינעם איז געוואָרן אַ שלעכטער אויסגוס. אַפילו די געסט מיט די קלענ־סטע פאָדערונגען האָבן זיך געמיאוסט קוקן אויפן דאַרינקן, קלייענדיקן ייִנגעלע מיט די שטענדיק שלעפעריקע אויגן, מיט אַ האַלב אָפענעם מויל און מיט זייער שמוציקע הענט. נעבן די אויגן און אונטער דער נאָז, האָבן זיך ביי אים צו־נויפגעלייגט דינע קנייטשן, ווי מיט אַ שאַרפער נאָדל דורכ־געפירט. זיי האָבן אים געמאַכט ענלעך צו אַ פאַרעלטערטן קאַרליק. פּעטקע האָט ניט געוווּסט, צי איז אים אומעטיק אָדער פריילעך, נאָר ס׳האָט זיך אים געגלוסט אויף אַן אַנדער אָרט. אַז עס פלעגט אים באַזוכן די מוטער זיינע, די קעכין

נאַדיעזשדאַ, האָט ער אַפּאַטיש געגעסן די געבראַכטע מתנות, האָט זיך ניט געקלאָגט, נאָר געבעטן, זי זאָל אים צונעמען פון דאַנען.

אָבער באַלד פלעגט ער פאַרגעסן זיין בקשה; ער האָט זיך גלייכגילטיק געזעגנט מיט דער מוטער און קיינמאָל ניט געפרעגט, ווען וועט זי ווידער קומען, און נאַדיעזשדאַ האָט פאַרזאָרגט געקלערט, אַז זי האָט אַן איין און איינציקן זון, איז ער אויך אַ נאַרעלע.

פעטקאַ האָט ניט געוווּסט, ווי לאַנג האָט ער געלעבט אַזוי, נאָר איינמאָל וואַרעמס־צייט איז געקומען צו פאָרן די מוטער, האָט אַ רעד געטאָן מיט אָסיפּ אַבראַמאָוויטשן און געזאָגט פעטקאַן, אַז מע לאָזט אים אָפּ אויף אַ זומער־וווינונג קיין צאַריצינאָ, ווו עס וווינען אירע באַלעבאַטים.

תחילת האָט פעטקאַ ניט פאַרשטאַנען, דערנאָך האָט זיך זיין פּנים באַדעקט מיט דינע קנייטשלעך פון שטילן געלעכטער, און ער האָט אָנגעהויבן אונטערטרייבן נאַדיעזשדאַן, זי זאָל עס מאַכן גיכער. יענע האָט געדאַרפט לפּנים אַ פרעג טאָן ביי אָסיפּ אַבראַמאָוויטשן, וואָס מאַכט זיין פּרוי, און פעטקאַ האָט זי פאַמעלעכן געשטופּט צו דער טיר און געצויגן פאַר דער האַנט.

ער האָט ניט געוווּסט, וואָס איז אַזוינס אַ זומער־וווינונג, נאָר ער האָט גערעכנט, אַז עס איז דאָס זעלבע אָרט, וווהין ער האָט אַזוי געשטרעבט. און ער האָט גאָר פאַרגעסן אָן ניקאָלקען, וועלכער איז אויך דאָ געשטאַנען, די הענט אין די קעשענעס, און האָט זיך געסטאַרעט קוקן אויף נאַדיעזשדאַן מיט געווייינלעכער עזות. נאָר אָנשטאָט מיט עזות האָבן די אויגן זיינע געלויכטן מיט אַ טיף בענקעניש: ער האָט ניט געהאַט קיין מאַמע, און אין דער רגע וואָלט ער אַפילו מסכים גע־

ווען האָבן אזא מאַמע, ווי אָט די דיקע נאַדיעזשדאַ. ער איז דאָך אויך קיינמאָל ניט געווען אויף קיין זומער־וווינונג.

פעטקאַ האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען דעם וואָקזאַל מיט די איילנדיקע פאַרשוינען, וואָס גייען און גייען, אָן אַ שיעור און אָן אַן עק, דערהערט זיין געפילדער, דעם רעש פון די אָנקומענדיקע צוגן מיט לאָקאָמאָטיוון, וואָס פייפן אַמאָל געדיכט און גראָב, ווי די שטים פון אָסיפּ אַבראַמאָ־וויטשן, אַמאָל מיט אַ דינעם פּיעטש, ווי דאָס קול פון זיין קראַנקער פרוי. ס'האָט אים באַהערשט אַ געפיל פון אויפגע־רעגטקייט און פון אומגעדולד און אים אינגאַנצן פאַרכאַפּט. ער האָט, ווי די מוטער זיינע, מורא געהאַט ניט צו פאַרשפּע־טיקן, כאָטש ביזן אָפּגיין פונם צוג איז געווען נאָך אַ גוטע האַלבע שעה. און אַז זיי זיינען שוין געזעסן אין וואַגאָן און מע האָט אָנגעהויבן פאָרן, איז פעטקאַ צוגעקלעפּט געוואָרן צום פענסטער, און זיין געשוירענע קאָפּ האָט זיך געדרייט אויפן דינעם האַלז, ווי אויף אַ מעטאַלענעם שטעקן.

פעטקאַ איז געבוירן און אויסגעוואַקסן געוואָרן אין שטאָט. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן איז ער אַרויס אין פעלד, און אַלצדינג איז פאַר אים געווען וווּנדערלעך־ניי: אי דאָס, וואָס מע קען זען אַזוי ווייט, אַז דער וואַלד זעט אויס קליין ווי גראָז, אי דער הימל, וואָס איז אין אָט דער נייער וועלט געווען קלאָר און ליטער, און ברייט, ווי מע וואָלט אויף אים פון אַ דאַך געקוקט. אַזוי האָט דער הימל אויסגע־זען אין דער זייט, ווו פעטקאַ איז געשטאַנען, און אַז ער האָט אויסגעקערעוועט צו דער מוטער, האָט דער זעלבער הימל אינעם אַנטקעגנדיקן פענסטער בלוי געלויכטן, און, ווי מלאכימלעך, זיינען איבער אים געשוווּמען ווייסינקע, פריי־לעכע וואָלקנדלעך. פעטקאַ האָט זיך נעבן זיין פענסטער גע־

דרייט, איבערגעלאָפן אויף דער אַנדערער זייט פונם וואַגאָן, און געלייגט מיט צוטרוי דאָס שלעכט־אָפּגעוואַשענע הענטל אויף די פּלייצעס און די קני־עס פון די אומבאַקאַנטע פּאַר־שוינען, וועלכע האָבן אים געענטפערט מיט אַ שמייכל. נאָר עפּעס אַ פּריץ, וועלכער האָט געלייענט אַ צייטונג און פון מידקייט צי פון אומעט די גאַנצע צייט געגענעצט, האָט אַ פּאָר מאָל אומפריינטלעך אַ קרומען קוק געטאָן אויפן יינגע־לע און נאַדיעזשדאַ האָט זיך געיילט אים איבערצובעטן:

— ער פּאָרט דאָס ערשטע מאָל מיטן באַן, אינטערע־סירט עס אים...

— אָהאָ!... — האָט אַ בורום געטאָן דער פּריץ און האָט זיך אַריינגעטאָן אין דער צייטונג.

נאַדיעזשדאַן האָט זיך זייער געגלוסט דערציילן אים, אַז פּעטקאַ איז שוין דריי יאָר ביי אַ פריזירער און אַז יענער האָט צוגעזאָגט אים אַוועקשטעלן אויף די פיס, און דאָס וואָלט זייער גוט געווען, ווייל זי איז אַן עלנדע, שוואַכע פרוי און האָט קיינעם ניט, ווער עס זאָל זי אונטערשטיצן אויף דער עלטער... נאָר דער פּריץ האָט געהאַט אַ בייז פּנים, און נאַדיעזשדאַ האָט דאָס אַלץ נאָר אין זיך געקלערט.

רעכטס פון דער באַן האָט זיך געשפּרייט אַ פּלאַכע לאָנקע, טונקל־גרין פון שטענדיקער פייכטקייט; אויף איר ברעג זיינען געווען צעוואָרפן גרוי־נקע הייזלעך, ווי שפּילעכ־לעך, און אויפן הויכן גרינעם באַרג, הינטער וועלכן ס׳האָט געבלישטשעט אַ זילבערן פּאַסיקל וואַסער, איז געשטאַנען אַ קליינינקער, ווייסינקער קלויסטער. אַז דער צוג איז מיט אַ פּלוצים פאַרשטאַרקטן, הילכיקן בראַזגען אַרויפגעפלויגן אויפן בריק און ווי אין דערלופטן הענגען געבליבן, האָט פּעטקאַ אַזש אַ ציטער געטאָן פאַר שרעק און אַ וואָרף געטאָן זיך

פונם פענסטער. נאָר באַלד האָט ער זיך אומגעקערט צוריק, ער האָט מורא געהאַט דורכלאָזן אַ מינדסטע קלייניקייט.

---

די ערשטע צוויי טעג, וואָס פעטקאַ האָט פאַרבראַכט אויף דער זומער־וווינונג, האָבן די נייע רייכע קרעפטיקע איינדריקן צוגעדריקט זיין מוראדיק קליין נשמהלע. אַלץ האָט פאַר אים דאָ געלעבט מיט געפיל און מיט ווילן. ער האָט מורא געהאַט פאַרן וואַלד, וואָס האָט רויִק גערוישט איבער זיין קאָפּ און איז געווען אַזוי פינסטער פאַרקלערט און אומענדלעך; די ליכטיקע, גרינע פריילעכע פעלד־פלעקן, וועלכע זינגען, דאַכט זיך, מיט אַלע זייערע העלע פאַרבן, האָט ער ליב געהאַט און וואָלט זיי געוואָלט צערטלען, ווי שוועסטערלעך; און דער טונקל־בלויער הימל האָט אים גערופן צו זיך און געלאַכט, ווי אַ מוטער. פעטקאַס נשמה איז געווען צערודערט: ער האָט געשמייכלט, און אָנשטענ־דיק, ווי אַן אַלטער, געשפּאַצירט אינם וואַלד און אויפן ברעג פונם טייך; דאָ האָט ער זיך אַ מידער, מיט אַ פאַר־כאַפּטן אָטעם, צעלייגט אויפן געדיכטן פייכטן גראָז און האָט זיך אין דעם באַהאַלטן. נאָר זיין קלייענדיק נעזל האָט אַרויס־געשטעקט פון דער גרינער אויבערפלאַך. די ערשטע טעג פלעגט ער קומען צו דער מוטער, רייבן זיך נעבן איר, און אַז דער פריץ האָט אים געפרעגט, צי ס'איז גוט אויף דער זומער־וווינונג, האָט ער שעמעוודיק געשמייכלט און גע־ענטפערט:

— גוט!...

און דערנאָך איז ער ווידער געגאַנגען צום שרעקלעכן וואַלד און צום שטילן וואַסער און זיי ווי עפּעס אויס־

געפרעגט. נאָר עס זיינען פאַרגאַנגען נאָך צוויי טעג, און פעטקאַ האָט זיך אײנגאַנצן צונויפגעגאָסן מיט דער נאַטור. אַ סך האָט דערצו מיטגעהאָלפן דער גימנאַזיסט מיטיאַ פון סטאַראָיע צאַריצינאָ. אַ פנים האָט ער געהאַט, דער גימנאַזיסט, אַ טונקל־געלן, ווי אַ וואַגאָן פונם צווייטן קלאַס, די האָר אויפן שפּיץ קאָפּ האָבן ביי אים געסטאַרטשעט און זיינען געווען אינגאַנצן ווייס, עס האָט זיי אויסגעברענט די זון. פעטקאַ האָט אים דאָס ערשטע מאָל דערזען, ווען ער האָט געכאַפּט פיש, איז אָן צערעמאָניעס אַריין מיט אים אין אַ שמועס, און זיי זיינען זייער גיך חבר געוואָרן. מיטיאַ האָט אים געגעבן האַלטן אַ ווענטקע און דערנאָך האָט ער אים אַוועקגעפירט ערגעץ ווייט באָדן זיך. פעטקאַ האָט זייער מורא געהאַט אַריינצוגיין אין וואַסער, נאָר אַז ער איז שוין אַריין, האָט זיך אים ניט געגלוסט אַרויס, און ער האָט זיך געמאַכט, ווי ער שווימט: ער האָט פאַרריסן די נאָז מיט די ברעמען אַרויף, האָט זיך פאַרכלינעט און געקלאַפּט מיט די הענט איבער דעם וואַסער, אַז ס'האָט געשפּריצט אין דער הויך. דעמאָלט איז ער זייער ענלעך געווען צו אַ הינטל, וואָס מ'האָט דאָס ערשטע מאָל אַריינגעוואָרפן אין וואַסער.

ווען פעטקאַ האָט זיך אָנגעטאָן, איז ער פון קעלט געווען בלוי ווי אַ מילץ און האָט ביים רעדן געקלאַפּט מיט די ציין.

מיטיאַ האָט געקאָנט אויסטראַכטן נייעס אָן אַ שיעור, און ער האָט פאָרגעלייגט אויספאָרשן די חורבה פונם אַלטן „הויף": זיי האָבן געקלעטערט אויפן דאַך, וואָס איז באַוואַקסן געווען מיט ביימער און אַרומגעקראָכן צווישן די צעשטערטע ווענט פון דער ריזיקער געביידע. דאָרט איז געווען זייער גוט: אומעטום זיינען אָנגעוואַלגערט הויפנס

שטיינער, אויף וועלכע מע קאָן קוים אַרויפקלעטערן, און צווישן זיי וואַקסן יונגע בעריאָזקעס און ריאַבינעס; אַ טויטע שטילקייט הערשט דאָרטן, און עס דאַכט זיך, אַז אָט־אָט וועט עמעצער אַרויסשפּרינגען פון אַ ווינקל אָדער עס וועט פון אַ פענסטער־לאָך זיך ווייזן אַמוראַדיק־שרעקלעכע צורה.

ביסלעכווייז האָט זיך פּעטקאַ אָנגעהויבן פּילן אויף דער זומער־וווינונג, ווי אין דער היים, און ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז עס איז פאַראַן ערגעץ אויף דער וועלט אַן אָסיפּ אַבראַמאָוויטש און אַ פריזיר־הויז.

— טו נאָר אַ קוק, ווי ער איז דיק געוואָרן! ווי אַן אמת באַלאַבעסל! — האָט זיך געפרייט נאַדיעזשדאַ, וואָס איז פון דער היץ אין קיך אַליין אויך דיק און רויט, ווי אַ קופערנער סאַמאָוואַר.

זי האָט עס אָנגעהאַנגען אין דעם, וואָס זי האָדעוועט אים אַ סך. נאָר אינדעראמתן האָט פּעטקאַ געגעסן גאָר ווייניק. עס וואָלט נאָך געלוינט עסן, ווען מע וואָלט געקאָנט שלינגען גאַנצערהייט, ניט קייען; נאָר דאָ מוז מען גאָר קייען און אין דער זעלבער צייט שאָקלען מיט די פיס, ווייל נאַדיעזשדאַ עסט שטאַרק פּאַמעלעך, זי גריזעט אַרום די ביינער, ווישט זיך מיטן פאַרטוך און רעדט פּוסטע רייד.

און אַרבעט איז געווען ביי פּעטקאַן ביז איבערן האַלז: מע דאַרף זיך פינף מאָל אַ טאָג באָדן, אויסשניידן אין די ניסן־קוסטעס אַ ווענטקע, אָנגראָבן ווערעמלעך; דאָס אַלץ אָפּצוטאָן דאַרף מען האָבן צייט.

פּעטקאַ איז איצט אַרומגעלאָפן באָרוויס: ס'איז טויזנט מאָל איינגענעמער, ווי אין שטיוול מיט גראָבע פּאָדעשוועס. זיין צוטראָגן גימנאַזיסטיש רעקל, אין וועלכן ער האָט אויסגעזען ווי אַן אָנשטענדיקער פריזיר־מייסטער, האָט ער אויך

אַראָפּגעוואָרפן און איז געוואָרן ווונדערלעך־יונג. אָנגעטאָן האָט ער עס נאָר אין די אָוונטן, ווען ער איז געגאַנגען אויף דער גרעבליע קוקן, ווי אַזוי די פּריצים שיפן זיך אין די שיפלעך: אויסגעפּוצטע, פריילעכע, זעצן זיי זיך מיט אַ גע־לעכטער אין דעם צעשאָקלטן שיפל, וואָס צעשניידט פּאַמע־לעך דעם וואַסער־שפּיגל; און די שאָטנס פון דיביימער הוידען זיך, ווי עס וואָלט איבער זיי איבערגעלאָפן אַ ווינטעלע.

סוף־וואָך האָט דער פּריץ געבראַכט אַ בריוו אויף דער קעכינס נאָמען, און אַז ער האָט איר דעם בריוו איבערגעליי־ענט, האָט זי זיך צעוויינט און צעשמירט איבערן גאַנצן פּנים די סאַזשע פונם פאַרטוך. פון די איינצלנע ווערטער, וועלכע זי האָט אַרויסגעכליפּעט, האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, אַז די רייד איז וועגן פּעטקאַן.

ס'איז שוין געווען אויפגעדערנאַכט. פּעטקאָ האָט אויך הינטערהויף געשפּילט אין שטיבעלעך. ס'איז אַרויסגעגאַנגען דער פּריץ, אים אַנידערגעלייגט די האַנט אויף דער פּלייצע און געזאָגט:

— נו, ברודער, מע דאַרף פאָרן...

פּעטקאָ האָט שעמעוודיק געשמייכלט און געשוויגן.

— אָט, אַ טפּוש, — האָט אַ טראַכט געטאָן דער פּריץ און געזאָגט:

— פאָרן דאַרף מען, ברודער!

פּעטקאָ האָט געשמייכלט. ס'איז צוגעגאַנגען נאַדיעזשדאַ און האָט מיט טרערן צוגעשטימט:

— יאָ, דאַרפסט פאָרן, זונו!

— וווהין? — האָט זיך פּעטקאָ פאַרחידושט.

— צום באַלעבאָס, אָסיפּ אַבראַמאָוויטשן.

פעטקאַ האָט אַלץ ניט פאַרשטאַנען, כאָטש די זאַך איז געווען קלאָר, ווי דער טאָג. ס'איז אים נאָר איבערגעטריקנט געוואָרן אין מויל און דער צונג האָט זיך שווערלעך באַוועגט, ווען ער האָט געפרעגט:

— ווי אַזוי־זשע איז מאָרגן מיט פיש כאַפּן? אָט איז שוין דאָ אַפילו דאָס ווענטקעלע...

— וואָס קאָן מען טאָן?... ער פאַדערט. פּראָקאָפּי, זאָגט ער, איז פאַרשלאַפט געוואָרן, ניטאָ, זאָגט ער, קיין מענטשן. דו, וויין ניט! אפשר וועט ער דיך נאָך אַמאָל אָפּלאָזן, — ער איז אַ גוטער, אָסיפּ אַבראַמאָוויטש.

אָבער פעטקאַ האָט אַפילו ניט געקלערט וויינען, ער האָט אַלץ ניט פאַרשטאַנען. פון איין זייט איז דאָ אַ פאַקט, דאָס ווענטקעלע, און פון דער אַנדערער — אַ חלום, אָסיפּ אַבראַמאָוויטש.

נאָר ביסלעכווייז האָבן זיך פעטקאָס געדאַנקען אָנגעהויבן אויסלייטערן, און ס'איז פאָרגעקומען אַ מאָדנע איבערקערעניש: דער פאַקט איז געוואָרן אָסיפּ אַבראַמאָוויטש, און די ווענטקע, וואָס האָט נאָך אַפילו ניט צייט געהאַט אויסטריקענען, איז געוואָרן אַ חלום. און דעמאָלט האָט פעטקאַ פאַרווונדערט די מוטער און פאַרשאַפט צרות דעם פריץ מיט דער פריצה. און ווען ער זאָל געווען זיין פעיִק זיך אַליין באַטראַכטן, וואָלט ער זיך אויך פאַרווונדערט: ער האָט זיך ניט גלאַט צעוויינט, ווי עס וויינען שוואַכע און אויסגעדאַרטע קינדער. ער האָט אַ געשריי געטאָן העכער פונם געזונטסטן פויער און האָט זיך אַ שמיץ געטאָן אין דער ערד, זיין מאָגער הענטל האָט זיך צונויפגעקלעמט אין אַ פויסט און ער האָט געקלאַפט איבער דער מוטערס האַנט, איבער דער ערד, איבער וואָס עס האָט נאָר געטראָפן. ער האָט געפילט אַ ווייי־

טאָק פון די שאַרפע שטיינדעלעך און זעמדלעך, אָבער ער האָט אַלץ געקלאַפּט, און מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט זיך געסטאַרעט נאָך פאַרגרעסערן אָט דעם ווייטאָק.

פעטקאַ האָט זיך שפּעטער באַרויִקט, און דער פריץ האָט געזאָגט צו דער פריצה, וועלכע איז געשטאַנען אין שפּיגל און פאַרשטעקט אין די האָר אַ ווייסע רויז:

— אָט, זעסטו, ער האָט אויפגעהערט, — קינדערשע צרות דויערן ניט לאַנג.

— איך האָב פונדעסטוועגן זייער רחמנות אויפן אָרעמען יינגעלע.

— אמת, זיי לעבן אין שרעקלעכע באַדינגונגען, אָבער ס'זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס לעבן נאָך ערגער...

און זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען אין דיפמאַנס סאָד, ווו ס'האָבן געזאָלט דעם אָוונט פאָרקומען טענץ, און די מוזיק האָט שוין געשפּילט...

---

אויף מאָרגן אינדערפרי איז פעטקאַ און זיין מוטער מיטן זיבן=אַ זייגערדיקן צוג שוין געפאָרן קיין מאָסקווע.

ווידער זיינען פאַר אים דורכגעפלויגן פעלדער, גרוי פון נאַכט=טוי, איבערגעלאָפן זיינען זיי ניט אין דער זייט, ווי פריִער, נאָר אין דער אַנטקעגנדיקער. פעטקאַ האָט זיך ניט געדרייט און כמעט ניט געקוקט אין פענסטער אַריין, ער איז געזעסן אַזוי שטיל, בנעימות, און זיינע הענטלעך זיינען גע=ווען צונויפגעלייגט אויף די קניִעס. די אויגן זיינען געווען שלעפעריק און אַפּאַטיש. דינע קנייטשלעך, ווי ביי אַן אַלטן, האָבן זיך באַזעצט נעבן די אויגן און אונטער דער נאָז. אָט זיינען דורכגעפלויגן פאַרביי דעם פענסטער די סלופּעס

און ביישטידלעך פון דער פּלאַטפאָרם, און דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט.

זיי האָבן זיך דורכגעשטופּט צווישן די איילנדיקע פּאַר־שוינען און זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף דער הילכנדיקער גאַס. די גרויסע זשעדנע שטאָט האָט גלייכגילטיק איינגע־שלונגען איר קרבּן.

— דו באַהאַלט די ווענטקע! — האָט פּעטקאַ געזאָגט, אַז די מוטער האָט אים צוגעפירט ביז דער שוועל פון פרי־זיר־הויז.

— כ׳וועל באַהאַלטן, זונו, כ׳וועל באַהאַלטן! אפשר וועסטו נאָך קומען צו פאָרן.

און איבעראַנייס האָט אין שמוציקן פריזיר־הויז געקלונ־גען אָפּגעהאַקט: „יאַט, וואַסער!‟ און דער גאַסט האָט געזען, ווי צום שפּיגל־טישל האָט זיך געצויגן אַ קליין שמוציק הענטל און געהערט אַ שרעקנדיק שעפּטשען: „אָט, וואַרט נאָר אויס!‟ דאָס האָט געהייסן, אַז דער שלעפּע־ריקער יאַט האָט צעגאָסן די וואַסער, אָדער ער האָט איבערגעדרייט די באַפּעלן.

און ביינאַכט האָט אין דעם אָרט, וווּ עס זיינען געשלאָפן ניקאָלקע און פּעטקאַ, געקלונגען און געציטערט אַ שטיל קולכל. דאָס קולכל האָט דערציילט פון אַ זומער־וווינונג, עס האָט גערעדט וועגן דעם, וואָס קאָן קיינמאָל מער ניט זיין. אין דער שטילקייט האָט זיך געהערט דאָס שוואַכע אָטעמען פון קינדערשע בריסטלעך... און אַ צווייטע שטים האָט גראָב און ענערגיש, ווי ניט קיין קינדערשע, אַרויסגערעדט:

— אָט, רוחות!

— ווער זיינען רוחות?

— אַזוי... אַלע!

פאַרבײַ אין גאַס איז דורכגעפאָרן אַ שורה שווערע וואָגנס און האָט מיט איר מעכטיקן קלאַפּערײַ פאַרטויבט די שטימען פון די ייִנגלעך.



